„RADOMER-KIELCER-LEBEN“ 4 (144) Należytość pocztową uiszczono ryczałtem" פּיערטער יאָהרגאַנג פּרייז 25 גראָשן

# ראַדאָמער-קעלצער לעבן

היינט 10 זייטן.

אַדרעסען:
פון „ראַדאָמער-קעלצער לעבן“

אין ראַדאָם:
Redakcja i Administracja
„Radomer Kielcer Leben“
Radom, Szwarlikowska 20.

אין קעלץ
Redakcja i Administracja
„Radomer-Kielcer Leben“
Kielce, Staro-Warszawska 34.



ראַדאָם פרייטאג כ"ה שבט תרפ"ז — פאַר'ן אינהאַלט פון טעקסט אין די אנאָנסען איז די רעדאַקציע נישט פעראַנטוואָרטליך — 28-go stycznia 1927 r.

צו דער פערלאָבונג פון אונזער ליבען זוהן
אליעזר וואָלף מיט פ-ל' איטע ווייל
וואונשען מיר, או זייער צוזאַמענבונד זאָל געשלאָסען זיין אויף אייביגע גליקליכע יאָהרען.
עלטערן פירשטענבערג.

Ida Wajl — Lejzer Wolf Fürstenberg

Zaręczeni

Radom w Styczniu 1927 r

צום פערלאָבונג פון אונזער שוועסטער
איטע וויל
מיט ה' אליעזר וואָלף פירשטענבערג
ווינשען מיר א גליקליכע צוקונפט.
ברידער לייביש וויל גיו-יאָרק קלמן וויל.

א הערצליכען מזל-טוב און פיעל גליק ווינשען מיר אונזער געשעפטס-מיטאַרבייטער ה' אליעזר וואָלף פירשטענבערג צו זיין פערלאָבונג מיט פר"ל איטע וויל
נתן ניימאַן מיט פרוי און זוהן.

Z intencji zaręczyn naszego ukochanego brata
**Lejzora Fürstenberga**
z p. Idą Wajlówna
życzymy im wiele szczęścia na nowej drodze życia.
**Sala, Noe, Josef.**

Pannie
**Klarze Urbinderówne**
z intencji zaślubin
z p. **Juljanem Koprem**
składam serdeczne życzenia.
**Izak Rakocz.**

א הערצליכען מזל-טוב וואונשען מיר אונזערע פריינד, די פאַמיליע אורבינדער צו דער חתונה פון זייער ליבע טאָכטער קלארא מיט ה' י. קאָפּער
זאָלען זיי דערלעבען פון זייערע קינדער פיל נחת.
ישראל פעלדמאַן מיט פרוי.

Z intencji zaręczyn p.
**Jakóba Międzygórskiego**
z p.
**Felą Rutmanówną**
życzę serdeczne życzenia
i wiecznej miłości
**JAKÓB DEN.**

אונזער חבר און פריינד
ד"ר לעאָן בערענשטיין ראַדאָם
מיט פר"ל
בערטא שעלעצקא (פּרושאַן)
צו זייערע תנאים אין ווילנא שיקען
מיר איבער א הערציגען מזל-טוב.
יוסף און אסתר סאָקאָלאָווסקי.

צו די תנאים פון
ד"ר לעאָן בערענשטיין (ראַדאָם)
מיט פר"ל בערטא שעלעצקא (פּרושאַן)
וועלכע איז פאָרגעקומען אין ווילנא,
ווינשען מיר די עלטערן און כלה'צבעט
א הערציגען מזל-טוב.
אברהם און העלא
זעליצקי.

אונזער חשוב'ען חבר פערוואַלטונג'ס-מיטגליד פון יודישען סטודענטען-קרייז אין ראַדאָם
ד"ר לעאָן בערענשטיין
צו זיין פערלאָבונג מיט פר"ל
בערטא שעלעצקא
שיקען מיר איבער די הערצליכסטע ברכות.
פערוואַלטונג
פון יודישען סטודענטען-קרייז
— אין ראַדאָם. —

לאָלא פיינטוך ישראל זאַלצמאַן
== פערלאָבט ==
ראַדאָם 22 סעפּטעמבער תרפ"ז.

בברכת מז"ט חמה ועתיד מזהיר הנני מברך את אחי היקר
משה רוזנברג לרגלי נשואיו עם העלמה מרת רחל פלידרבום
תהי דרכם צ'ח בח"ים
אחיו
יעקב שמחה רוזנברג.

Z intencji zaślubin mego kochanego brata
**Moszka Rozenberga** z p.
**Rachelą Fliderbaumówną**
życzę szczęśliwej przyszłości.
**Siostra Sparancja**

לרגלי נשואיו של חברי מר
משה רוזנברג
עם העלמה מרת
רחל פלידרבום
אני מברך אותם בברכת מזל טוב
תהי דרכם צלחה וסוגה בשושנים.
ישראל שיינפלד.

Panu M. GLATOWI, sekretarzowi naszego T-wa i kierownikowi sekcji lekko-atl.

**Z powodu zgonu b. p.**

# O J C A

**J E G O**

**wyrażamy nasze najszczersze współczucie**

CZŁONKOWIE

**Ż. T. G. S. „Makabi“.**

Panu M. GLATOWI, członkowi zarządu naszego T-wa z powodu śmierci

**B. P.**

# O J C A

**J E G O**

**Wyrazy głębokiego współczucia składa**

ZARZĄD.

**Ż. T. G. S. Makabi.**

# די גמינע-בודזשעטע פון יאָהר 1926-1927

## ס'איז נאָך נישט רעאַליזירט דער בודזשעט פון יאָהר 1926 און שוין זשע גרייט מען זיך צום ראָזקלאַד פון יאָהר 1927.

קודם כל א שטיקעל בעוואָרעניש.

מיט'ן יעצטיגען אַרטיקעל זענען מיר נישט אויסען צו וואַרפען קריטיק סתם אזוי אויף דער גמינע־מהעטיגקייט, מיט דעם ציעל און אין דעם זין, ווי ס'מאַכען עס די, וואס ווילען אומשטירצען און אונטערגראָבען דעם פּרעסטיזש פון דער קהלה ביז צו דער שטרעבונג צו פונאַנדערטרייבען איהר. אונזערע קריטישע בעמערקונגען קומען נישט פון אָט יענער ריכטונג, זייער אויפגאבע און כונה איז א אויפריכטיגע און א ערנסטע, וואָס איז נוגע דער טובה פון דער שטאָדט און גלייכצייטיג אויך דעם כבוד פון דער קהלה.

שוין אייניגע מאָהל האָבען מיר בעריהרט אויף די שפּאַלטען פון אונזער צייטונג די פּראגע, צי נויטיגט זיך באמת די גמינע אין אַ סקלאַדקע, ס'הייסט אין אַנ'עטאטאָווע שטייער, צי זענען נישט גענוגענד פאר די אַלע בעדערפענישען און אויסגאבען פון דער גמינע־אדמיניסטראציע, די הכנסות, וואס פליסען איין פון דער שחיטה. די פּראגע איז כסדר אַקטועל במשך דער גאַנצער צייט זייט די שחיטה איז אריבער צו דער דיספּאזיציע פון דער גמינע, און פון דאָמאלסט־אָן, זייט די גמינע איז געוואָרען א שותף מיט די שוחטים און בעקומט די גרעסערע העלפט פון דער שחיטה־הכנסה. אָט פון דאמאָלסט אָן האלטען מיר אין איין פרעגען, נאָך וואס דאַרף מען בעלעסטיגען די שטאָדט מיט עטאט שטייער, בעת די הצטרכות'ען פון דער גמינע, שוין צוזאמען מיט די קאָרגע פאר סובסידיעס, קאָנען זיך דעקען מיט דער שחיטה־איינקונפט?

מיר וואָלטען קיינמאָהל נישט געהאָט דאגעגען דעם ראָזקלאַד, מיר וואָלטען איהם אונטערשטיצט, נאָר וואנז ווען מיר ווייסען, אַז פאר'ן עטאָט ווערט עפּיס ממשות'דיגעס אויפגעטוהן. ווען מיר ווייסען, אַז דער עטאָט־צאָהלער האָט פאר זיינע געצאָהלטע גמינע־שטייערען געגענזייטיגע נוצען; ווען מיר זעהען, אַז פאר'ן דאָזיגען איינגעפלאָסענעם געלד, ווערען אויפגעשטעלט פאָדערנע און וועלטליכע פאָלק'ס שולען, פאר די קינדער פון די ברייטע פאָלק'ס מאסען, וועלכע זאָלען דאָרט בעקומען אזא בילדונג און ערציהונג, וואָס זאָלען זיין אין גייסט פון די עלטערן. און דער עיקר, אַז די ערציהונג מיט די לעהרע זאָל זיין פולשטענדיג אומזיסט. מיר וואָלטען דאָן מסכים געוועזען אפילו מיט א גרעסערע סקלאָדקע, ווען פאר דעם געלד ווערען גענצליך אויסגעהאַלטען אַ עטליכע צעהנדליג אָרימע יודישע שילער אין די גימנאזיעס פון „פשיאטעל ווידזוי"; ווען פאר'ן געלד ווערט רעפּאַרירט די תלמוד־תורה און עס ווערט דאָרט איינגעאָרדענט פערשידענע האנדווערקער־וואָרשטאַטען, וואו די אָרימע און שוצלאָזע קינדער זאָלען צוגלייך מיט דער עלעמענטארע לעהרע אויך קאָנען ערווערבען אַ וועלכען ס'איז פאַך; ווען פאר'ן געלד ווערט געגעבען אייניגע סטיפּענדיום'ס פאר אָרימע היגע סטודענטען, אויף צו קאָנען פאָרטזעצען זייער שטודיום אויס'ן אוניווערזיטעט; ווען פאר דעם געלד ווערט אויפגעשטעלט א ענטשפּרעכענדע טאָג־שולע, וואו די קינדער פון דער אָרימער מאַסע, וועלכע זענען אויף דער לערן ביי פערשידענע פאַכן, זאָלן בעקומען א וועלטליכע ערציהונג און גלייכצייטיג בעקומען טעאָרעטישע און פּראַקטישע פאך־בילדונג; ווען פאר דעם געלד ווערט איינגעאָרדענט א גרויסע שטאָדטישע ביבליאָטעק; ווען פאר דעם געלד ווערט אויך געשאַפען א געהעריגער פאָנד צו שטיצען יודישע ארבייטסלאָזע, וועלכע געהען אָרום אָהן בעשעפטיגונג און שלינגען די שוים פון מויל; ווען פאר דעם געלד ווערט געשאַפען א באַנק אויף גמילות חסדים אין גרעסערן פערנעם, נישט עפּיס א צדקה קל יזעל...

ווייל לאָמיר זיך נישט נאַרען: אויב די קהלה זאָל פאַקטיש בעיקר זיין געשטעלט דערויף, כדי צו בעזאָרגען די רעליגיעזע און ריטועלע בעדערפענישען, ווי דאָס אויסהאלטען רבנים, שמשים, חזנים און נאָך אנדערע כלי קודש ווי אויך דעם גמינע פערסאָנאל, אויב דערמיט זאָל פאַקטיש אויסגעפולט ווערען דער גאנצער אינהאלט פון דער גמינע טהעטיגקייט, אויב דאָס זאָל זיין אלעס, איז דאָך גענוג די שחיטה־איינקונפטען וואס דערגרייכן מעהר, אדער ווייניגער א ציפער פון 80 טויזענד זלאָטעס יעהרליך. דאָס איז איינס, והשנית מיט וועלכע רעכט קאָן מען פערלאנגען עטאָט־שטייערן פון אַזעלכע בירגער, וואס בלויז רעליגיעזע זאכען קאָנען נאָך נישט בעפרידיגען זייערע קולטורעלע און וועלטליכע פערלאַנגען? וואס גיט די גמינע אָט יענעם טהייל פון די היגע יודישע בירגער פאר זיינע קהלה־אבצאָהלונגען וואס געהן אריין אין גמינע קאַסע?

נישט לאנג וועט דויערן און איבער'ן עטאָרט וועט פונאַנדערגעשיקט ווערען די צאָהלונגס־אויפפאָדערונגען (נאָקאַזען פּלאַטניטשעס) פון גמינע־בודזשעט פאר'ן יאהר 1926. ס'וועלען עס דערהאַלטען אויך אַזעלכע, וואס וועט נישט לייכט זיין ארויסצונעמען די שעהנע פאר זלאָטעס צובעצאָהלען. פיל מעהר נישט אנגענעהמער וועט אבער זיין פאר די מעהר בעוואוסטזיניגע, וואס אויסער זייער נישט פויגעלדינער מאטעריעלער מצב, וועט

---

# די בלוטיגע ליבעס-געשיכטע
## פון יאָסטלע צייטלינס טאכטער
## מיט מאסקווע און פעליקס דזשערזשינסקי
### פון י. בערלאָוויטש.

4.

די אונאויפהערליכע טרעהרען פון דער אונגליקליכער טאָטער האָבען, חייזט אויס, זעהר געריהרט דעם דאָרפישען יונגען פויער... דערווייל האט ער פון איהר זיך דערוואוסט, וואס פאַר אַנ'אויסגעצייכענטער מענש איהר דערשאָסענער פאטער איז געוועזען, נישט קוקענדיג דערויף. וואס ער איז געוועזען א רייכער... סטעפאנאָוו האט זיך זעהר שלעכט געפיהלט. ער האָט געוואלט איהר טרייסטען, נאר זיין פויערישע צונג האט נישט געקענט געפינען קיין ווערטער... ער וואלט איהר געדריקט צום ברוסט, ווען זי וואָלט געווען א פּראָסטע דאָרפישע שיקסע, ווי ער א דאָרפישער שייגעץ... און וואלט איהר געזאָגט: נישט וויין, מיין טייבעלע!. זי איז אָבער א רייכע טאָכטער, א „באָרישניע", און א אינטעליגענטקע. ווי זי זאָגט, האָט זי זיך געלערענט אין די „יוניווערסיטעטן"... פון דעסטוועגען האָט ער בעמערקט, אז זי איז זעהר שעהן, און איהר טרויער, וואס האט איהר א היבש ביסעל אויסגעבלייכט, צוזאמען מיטן סראָטע, וועלכער האט איהר בלייכקייט צוגערויטעלט, האָבען איהר נאָך א בעזונדערען חן צוגעגעבען...

סטעפאנאוו האט זיך יואס ווייטער אַלץ מעהר אונטערגעגעבען איהר ווירקונג און אז זיי זענען געקומען אויף די „מאָרגעס" צווישען טויטע קערפערס, פון וועלכע אנדערע זענען געווען נאָך גאָר פרישע און אפילו נישט קיין בעשטאָטענע, האט ער זיך גענומען צו דער זאך מיט אזא היץ, ווי איהם וואָלט געגאנגען צום אנ'אייגענעם, א נאָהענטען קרוב... ער אליין האָט גענומען אַ לאָפּעטע און צוזאמען מיט די חעבטערס פון די טיף בעשנייטע „מאָרגעס" האָט ער אזוי ענערגיש געגראָבען, ביז זיין לאָפּאטע האט אונטער איין בערגעל אויפגעדעקט א קערפער פון אַנ'אַלטען מאַן מיט א לאנגער גראָהער באָ־ד, ווי נאָר די אומגליקליכע יונגע פּרויענצימער האָט דעם טויטען קערפּער דערזעהן, איז זי אויף איהם ארויפגעפאלען מיט א הארצרייסענדען געשריי: „פּאַפּאַ! פּאַפּענקאָ!.."

רעוועקא האָט גע'חלש'ט.

סטעפאַנאָוו האט געריבען מיט שנעה איהרע שלייפען, און קוים איהר אָבגעמינטערט. אָפלייגענדיג דעם דערשאָסענעם אַלטען מאַן אָן א זייט און אָנזאָגענדיג די וועכטערס, אַז זיי זאָלען איהם נישט צורירען מיט אַנדערע האט ער גענומען אויף די הענד די יונגע פרויענצימער, וועלכע האט נישט געקענט מעהר שטעהען אויף די פיס; ער האָט איהר אריינגעזעצט אין זיין וואָגען פון דער „טשעקא" — אפשר דעם זעלבען וואָגען, אין וועלכען מען האָט נאָך גאָר נישט לאנג צוריק געפיהרט איהר פאטער צו דערשיסען — און איהר אליין אַבגעפיהרט אַ היים...

ויי בעזונדערס שטארק ערען, וואס ביים גאנצען קיועלען זיך האבען זיי אפילו נישט די מעגליכקייט צו געניסען דערפון, נישט זיי אליין און אפילו נישט זייערע קינדער.

וואס פאר א ענטפער גיט מען אזעלכע בירגער?

דער בורושעט פאר׳ן יאהר 1926 איז נאך נישט רעאליזירט און אין גמינע מאכט מען שוין שריט צו מאכען דעם ראזקלאד און דעם בורושעט אויפ׳ן יאהר 1927. מ׳האט שוין אפילו צו דעם צוועק איינגעלאדענט זאכקענער, וואס זאלען קאנען אפשאצען און קלאסיפיצירען די שטאט-צאהלערס. ס׳איז דער אלטער וועג. אויף צו וועלען תופש זיין דעם גייסט פון דער צייט, צו בעזינגען זיך סוף כל סוף, אז אין שטאדט צווישען די יודישע בעפעלקערונג איז דא א גרויסער צאל בירגער, וואס וואלטען מיט אלע אנשטרענגונגען גערן געצאהלט דעם גמינע שטייער, נאר באופן זה, זיי זאלען האבען א געגענזייטיגען נוץ, אט דערפון מאכט מען זיך גארנישט און מען ווייזט נישט ארויס זאגאר דעם מינדעסטען פערשטענדניש.

די גמינע איז פאסיוו און נאך לחלוטין גלייכגילטיג צו אזעלכע ענינים. אזא דיפירענציזם, אויב ער וועט אזוי כסדר אבהאלטען, וועט אבער די גמינע סוף כל סוף צווינגען צו געבען א קאנקרעטען און קלארען ענטפער. נאך וואס זאל זי אבער ווארטען ביז דעמאלט? — ס׳וואלט פיל געווינשענער געווען, אז די גמינע זאל זיך וועגען דעם אליין דערמאנען און נישט ווארטען, אז דאס זאל קומען פון פרעמדע איניציאטיווע...

ב. צווייג.

■■■■■■

# אונזער פרעסע „חד גדיא".

(אומעטיגע רעפלעקסען)

פון ב. חילינאוויטש.

ס׳ווייזט זיך ארויס, אז מיר האבען צו־פריה זיך געפרייט איבער דעם אונטערגאנג פון דער אסימילאציע: צופריה פאר איהר א קבר בעשטעלט.

די אסימילאציע אין פוילען איז נאך ווייט נישט געשלאפען, פערקערט; זי לעבט איצט אויף און דוקט זיך ווי א כמארע אויף אונזער נאציאנאלען לעבען:

די אסימילאציע האט בלויז געביטען איהר אויסזעהן, זי האט א גאנץ אנדער פנים ווי אמאל. אין דערפאר פאקע איז זי טויזענד מאל געפערליכער, ווי די אמאליגע אסימילאציע פון דער „נאוויא גאזעטא" ע"ה.

זי קומט נישט איצט ווי א שונא פון דעם נאציאנאלען יודישען לעבען — ווי אמאל די קאמפנערס, דיקשטיינס א. ד. ג. זי קומט ווי א פריינד, אונטער דעם מאנטעל פון הייסען ציוניזם, אירער הייסען קאמף פאר די יודישע נאציאנאלע פאדערונגען אין פוילען. אבער זי טהוט איין קליינינקייט: זי פיהרט דעם קאמף אין פויליש, פערשרייבט סיסטעמאטיש יודיש פון דער יודישער שטוב, פערפוילישט די מוטער און טאכטער, שאפט א כינעזישע וואנט צווישען דער פויליש־ריידענדען יוגנד מיט דעם יודיש־ריידענדען, און דאן בלייבט אונז נאר מתפלל צו זיין די אלטע תפילה:

— גאט באשערם מיך פון מיינע גוטע פריינד: פון מיינע שונאים וועל איך מיך שוין אליין איינהיטען...

------

רעדענדיג וועגען צווי יודיש־פוילישע צייטונגען, וואס ערשיינען אין ווארשא — „נאש פשעגלאנד" און „דזשענניק ווארשאווסקי" — האב איך אין א געזעלשאפט געווארפען א וויץ;

— רבותי, מיר האבען פאר זיך א חד-גדיא פון אונזער פרעסע: די יודישע פרעסע האט איינגעשלינגען די העברעאישע פרעסע, די פויליש־יודישע וועט איינשלינגען די יודישע פרעסע און דערנאך וועט קומען די ריין פוילישע פרעסע און איינשלינגען די פוילישע-יודישע פרעסע...

אלע האבען מודה געווען, אז אין מיין וויץ ליגט, לײדער, א טרויעריגער אמת. מיר נעהען אויף דער דאזיגער ליניע, און ווער ווייס, צו מיר וועלען בעווייזען אבצושווייכען פון דעם דאזיגען וועג, וואס פיהרט פאקטיש צו אונזער נאציאנאלען אונטערגאנג.

פון אנהויב איז די יודיש-פוילישע פרעסע, אלא „נאש פשעגלאנד" בעטראכט געווארען אלס נאציאנאליזירענדער פאקטאר. דער דאזיגער מין צייטונג האט עס געזאלט איינשמוגלען דעם יודיש נאציאנאלען געדאנק אין יענע יודישע הייזער, וועלכע רעדען פויליש, ערציהען די קינדער אין פויליש און האבען ביז אהער געלייענט די משומדים׳דיגע „נאוויא גאזעטא" אדער „קוריער ווארשאווסקי" צי „קוריער פאראנני". דער דאזיגער מין צייטונג האט עס געזאלט אבברייסען די יודישע אינטעליגענץ פון דער אסימילאציע, וועלכע האט געפריידינט יודישע זעלבספערניכטונג: אבברייסען פון די משומדים און ערב משומדים, וועלכע האבען דוקא זיך געריסען אין דער יודישער גאס, כדי זי צו אסימילירען מיט דער פוילישער, פולשטענדיג אדויסרייסען פון איהר די יודישע אייגענארט.

דער דאזיגער מין צייטונג האט, פילייכט, די דערמאנטע אויפגאבע ווירקליך, טיילוויז, דערפולט. זי האט ארויסגעריסען הונדערטער יונגעלייט און מיידלעך פון דער אויסגעשטראכענער אסימילאציע־בעוועגונג אבער גלייכצייטיג האט דער דאזיגער מין צייטונג אבגעריסען טויזענדטער יודישע יונגעלייט און יונגע פרויען פון דער יודישער שפראך, פון דער יודישער שול, פון דער יודישער ליטעראטור, און במילא אוועקגעשטעלט א ברייטע מחיצה צווישען זיי מיט די ברייטע יודישע מאסען, וועלכע זענען דער געזונטסטער קערען און יסוד פון דעם יודישען פאלק.

---

אויף מארגען איז פארגעקומען ר׳ יאסעלע צייטלינ׳ס לויה, אויף וועלכער עס זענען געגאנגען בוכשטעבליך אלע מאסקיווער יודען און געוויינט, ווי אויף אן׳איינציגען טאטען... אויפ׳ן בית-עולם האט אים מיט הייסע טרעה־ען מספד געווען דער מאסקיווער ראבינער מאזה, און זיינע אייגענע זיהן. רבקה׳לע האט ביי דעם אפענעם קבר געריסען די האר פון קאפ. די מוזינקע האט ערשט נאך זיין טראגישען טויט דערפיהלט, ווי איהר פאטער איז איהר טייער געווען..

יוסר קאן אבער ארייננדרינגען אין די רעטצנישען פון א מיידעלשען הארצען!! בלויז אין א פאר מאנאטען ארום נאך ר׳ יאסעלעס לויה האט די גאנצע יודישע מאסקיווע געה׳רעש׳ט מיט א נייער „טראגעדיע" אין ר׳ יאסעלעס פער־יתום׳טער פאמיליע: רעוועקא, ר׳ יאסעלע׳ס מוזינקע אין יענער משעקיסט סטעפאנאוו, וועלכער האט איהר געהאלפען אויפזוכען איהר פאטערס טויטען קערפער, זענען שטערבליך פערליבט איינער אין אנדערען און געהען בייערע חתונה האבען, — נאטירליך, א חתונה אויפן פאוויעטישען שטייגער, אהן רבנים און אהן גלחים, בלויז פערשרייבען זיך אין קאמיסאריאט אלס מאן און ווייב... דערצו דארף מען נישט בייטען דעם גלויבען, נישט דעם יודישען נאמען; אהן טויף־וואסער, אהן קיין שום רעליגיעזער צערמאניע, איז רעוועקא יאסעלעוונא געווארען א „סטעפאנאוא"!.. עס האבען נישט געהאלפען די חלשות־יאמערען פון דער מוטער; די געוואלדען פון די ברידער. ר׳ יאסעלע׳ס א טאכטער, ווייסע א שוועסטער זאל נאר וועלען לעבען (זיי, האבען עס נישט גערופען „הייראטען") מיט א גוי, מיט א דארף׳ס שייגעץ. מיט א טשעקיסט!.. רעוועקא האט אבער נעענטפערט, אז זי האלט נישט פון די אלע פאנאטישע זאכען. סטעפאנאוו איז איהר געפעלען. ער איז איינפאך, אונוויסענד, ווי א דארפס פויער, אבער ער פערמאגט אין זיך אזוי פיל צערטליכקייט, און פון די אלע קלאסען־אונטערשידען אדער נאציאנאלע איבערגלויבען האט זי זיך שוין לאנג אפגעטרייסעלט. ווען זי איז נאך געווען אין גימנאזיע. זי ווייסט נישט, אויב זי וואלט זיך דערויף ענטשלאסען, ווען דער פאטער וואלט נאך געלעבט, אבער איצטער קען איהר קיינער נישט שטערען..

מען דארף צוגעבען, אז אין יענע צייטען האבען זיך צווישען דעם יודישען יונגען דור און דעם רוסישען איבער־אויפס געשמעהרט די געמישטע חתונות. די אלמנה צייטלין און די זיהן האבען אליין געבעטען סטעפאנאוו׳ן זיי אפט צו בעזוכען. דערפאר וואס ער האט זיי געטון אזא חסד. פלעגט ער קימען זיך נאכפרעגען, וואס רעוועקא מאכט נאך דעם אומגליק וואס האט איהר אזוי ערשיטערט.. דערביי, פלעגט ער זיך יעדעס מאל פיהלען דא ווי אין א פערלעגענהייט, האלטען זיך זעהר בעשיידען, זעהר הכנע׳דיג, וואס די הויזלייט איז בעזונדערס געפעהלען געווען.

(פארזעצונג קומט).

נישט קיין אסימילאציע, נאר א נעא-אסימילאציע מארשירט איצט ערפאלגרייך אויף דער יודישער גאס, און די דאזיגע נעא-אסימילאציע איז, אהן צווייפעל, פיעל געפעהרליכער ווי די אלטע אסימילאציע, ווייל זי איז געכשר'ט, ווייל זי גנב'עט זיך אונטער אין דער יודישער שטוב אלס הויז פריינד, אלס נאציאנאלער פאקטאר. אבער וועלכע פיהרט אין דער אמת'ן צום זעלבען ציעל, וואס די אסימילאציע...

און נאך א צרה: די פויליש-יודישע פרעסע אין פוילען רעפרעזענטירע איצט אין די אויגען פון די פיהרענדע פוילישע קרייזען, די יודיש-עפענטליכע מיינונג. אין ווארשא, למשל, זענען די פויליש-יודישע צייטונגען געווארען די „פראסא זשידאווסקא", לגבי וועלכע מ'דארף אמאל יוצא זיין, כדי נישט אריינצורייסען מיט דער יודישער בעפעלקערונג. דאנקען איגנארירען די דאזיגע קרייזען די אמת יודישע פרעסע און דאס מוז ברענגען אין דער קאנסעקווענץ אויך צו א מאטעריעלען אונטערגאנג פון דער יודישער פרעסע.

מעגליך, אז מיין פעסימיזם איז איבערטריבען. דער חד-גדיא פראצעס איז פיליכט נאך א גאנץ לאנגער אין אפשר אויך נישט קיין זיכערער. די פויליש יודישע פרעסע וועט נאך צעהנדליגער יאהרען נישט איינשלינגען דער יודישער, ווייל מיר האבען נאך א גרויסע פראווינץ, וואס וואקסט אויף יודיש. מיר האבען נאך א גרויסע מאסע אין די גרויסע צענטערען וואס רעדט און דענקט אין יודיש.

אבער דאך, צוזעהענדיג ווי די פויליש-יודישע פרעסע פערכאפט וואס אמאל מעהר די יודישע מוטער און טאכטער, זעהענדיג גאנץ אפט, ווי א יודיש מיידעל שעהמט זיך אין טראמוויי צו לייענען א יודישע צייטונג, אפילו איינצופאקען א פעקעל אין א יודישער צייטונג, און פון דער צווייטער זייט — פיהלענדיג דעם פערגרעבטען פראסטען יודישען גייסט, וואס ס'בלאזט פון מ'שטיינס געוואגט יודיש קולטורפירענדע ארטיקלען אין די פויליש יודיש צייטונגען, די בעציהונג, ווי פון פאטריצער צו די פלעבעער. צו דער יודיש רעדענדער מאסע — ווערט זייער קאלאמוטנע אויפן הארץ, און גאנץ אומעטיגע רעפלעקסען קייכען אין קאפ בנוגע דעם גורל פון אונזער יודיש-נאציאנאלען לעבען אין פוילען בכלל און בנוגע דעם גורל פון אונזער יידישער פרעסע אין פוילען בפרט.

די פרוי האט אין אלע אסימילאציע-בעוועגונגען, ביי אלע אינטערדריקטע פעלקער, געשפילט די הויפט ראל. זי שטעלט אוועק גאנץ אפט די שטוב אויף איהר שמייגער. זי ערציהט די קינדער לויט איהרע סימפאטיעס און אנטיפאטיעס, און דעריבער איז אויך דער פאקט, וואס די פרוי אין די הויפט לעזערין פון דער פויליש יודישער צייטונג זייער נישט קיין ערפרייענדער פאר אונז. פערקעהרט; שוין צייט צו קוקען ניכטערער אויף דער זאך און אנהויבען א גייסטיגען ענערגישען שוץ קאמפף פאר אונזער שפראך פאר אונזער אמת יודישער פרעסע.

# הרב ד"ר שמחה טרייסטמאן דער פאסיגסטער קאנדידאט אויף ראש בית דין אין ראדאם.

אין ראדאם איז היינט פאראהן 3 מורי הוראות, אנשטאט וואס ביז יעצט זענען געווען פיער. דער פיערטער פלאץ, וועלכען עס האט ביז איצט פערנומען דער פערשטארבענער עלטסטער מורה היראת ר' מענדיל וויינגארט ז"ל איז געבליבען וואקאנט. און די גמינע וועט געוויס האבען צובעטראכטען א רייהע אפערטען פון קאנדידאטען, מורי הוראות, אויפ'ן דאזיגען פאסטען.

צווישען אלע אנדערע קאנדידירענדע ווערט בעזונדערס דערמאנט, דער זוהן פון געוועזענעם ראדאמער רב, הרב ד"ר שמחה טרייסטמאן, וועלכער וואהנט היינט אין לאדז.

די קאנדידאטור פון הרב ד"ר שמחה טרייסטמאן רופט ארויס דעם לעבעדיגסטען אינטערעס און ציהט צו די אויפמערקזאמקייט פון דער גאנצער שטאדט. הרב ד"ר שמחה טרייסטמאן איז דער שטאדט ראדאם בעקאנט פון זיין פריהערסטער יוגענד. ער איז דא ערצויגען און אויפגעוואקסען געווארען, מיט זיין איידעלען כאראקטער, מיט זיין צארטער און דעליקאטער בעהאנדלונג צו אלע און מיט זיין קלארען פערשטאנד האט ער דאמאלס ווען ער איז נאך גאר יונג געווען זיך ערווארבען ביי אלעמען פיל סימפאטיע און אכטונג. הרב שמחה טרייסטמאן האט לעצטענס שטודירט אין בערלין א לענגערע צייט און געלערענט דארט אין דעם בית המדרש העליון פון וועלט-בעריהמטען געלערטען הרה"ג פראפ. ד"ר חיים העלער. און איהם געענדיגט מיט דער גרעסטער אויסצייכנונג. הרב שמחה טרייסטמאן האט אין זיינע ווייטערדיגע שטודיום'ס אויך אויף אנדערע געביעטען פון וויסענשאפט געמאכט קאלאסאלע פארטשריט און דערגרייכט דעם טיטול דאקטאר.

הרב ד"ר טרייסטמאן בעזיצט א חוץ זיינע הערליכע מעלות און מדות טובות א סך וועלטליך און יודיש וויסען, איז א למדן און א געלערנטער מאן, און לויט זיינע זעלטענע קוואליפיקאציעס וואלט ער געווען דער פאסיגסטער, אינטערעסאנטסטער און הכבסט-געוואונשענסטער קאנדידאט אויף ראש בית דין אין ראדאם אויפ'ן וואקאנטען פלאץ פון פערשטארבענעם מורה הוראה.

מיט'ן יונגען געלערטען רב ד"ר שמחה טרייסטמאן וואלט די היגע יודישע בעפעלקערונג געקאנט שטאלצירען. א חוץ וואס זיין אינערליכער תמצית שטימט און איז אין איינקלאנג מיט תורה ומסורה, איז ער אויך א מאדערנער וועלטליכער יונגערמאן, וואס אויסער די ד' אמות של הלכה קאן ער א דאנק זיינע פיעלע ערווארבענע קענטעניסען קומען אין דער גרויסער, ברייטער וועלט און רעפרעזענטירען זיין קהלה, זיין געמיינדע הן כלפי פנים, ווי אויך כלפי החוץ.

ראדאם נויטיגט זיך אונבעדינגט אין א מורה הוראה, וואס אויסער למדן און בעל הוראה זאל ער אויך בעזיצען וועלטליכע קענטעניסען, וועלכע זאלען איהם געבען קאנטאקט מעגליכקייטען צו פערשטענדיגען זיך מיט אלע בירגער פון שטאדט און נישט ער זאל זיצען אין א פערבארגענעם ווינקעל, נישט תופס זייענדיג צומאלט, וואס געשעהט און פאסירט אין יודישען לעבען... שוין באמת די העכסטע צייט, וואס אויסער די ד' אמות של הלכה, זאל א מורה הוראה אויך וויסען און פערשטעהן, אז אויסער טעפיל לעפיל, שיסעל, אז אויסער צו ענטפערען אויף א שאלה, צי כשר, אדער טריפה, זענען נאך פאראן פערשידענע יודישע פראגען, וואס צו דער תורה דארף מען בעזיצען וועלטליכע חכמה, מען זאל זיי קאנען לעזען און פערענטפערען, ווי אלע אנדערע שאלות.

ס'איז גארנישט קיין ווינדער און עס איז א גאנץ זעלבסטפערשטענדליכע זאך, וואס געוואויר ווערענדיג, פון דער קאנדידאטור פון הרב ד"ר שמחה טרייסטמאן אלס ראדאמער ראש בית דין, האט די גאנצע שטאדט די ידיעה אויפגענומען מיט דער גרעסטער התלהבות און צופרידענהייט. דאס איז דערפאר, ווייל הרב שמחה טרייסטמאן פערדיענט און האט אלע שאנסען לויט אלע זיינע פערזענליכע מעלות און זעלטענע קוואליפיקאציעס געוועהלט צו ווערען אויפ'ן דאזיגען פאסטען. ער איז א אייגענער, א היגער בן-עיר. איבעראל אין אלע קרייזען און שיכטען פון דער היגער יודישער בעפעלקערונג איז ער געשעצט און א חוץ דעם איז ער א למדן און בעזיצט דערצו אין דער גרעסטער מאס וועלטליכע וויסען און שפראכליכע קענטעניסען. מיט איין ווארט, הרב שמחה טרייסטמאן איז לויט אלע אומשטענדען דער פאסיגסטער קאנדידאט אויף ראש בית דין אין ראדאם.

מ. שמשון.

# וואס איך האב געזעהן אין די פוילישע תפיסות.

## פארמשפט'ע צום טויט אין שוויענטי קשיזש (נעבען קעלץ).

### פון דעפ. ד"ר אברהם אינזלער.

אין אונזער וואנדערונג איבער די פוילישע תפיסות האבען מיר זיך צוגעזעהען צו געטראפען מיט די פארשידענסטע טיפען פון פאליטישע און קרימינעלע ארעסטאנטען. דער רוב פון זיי געהערט צו דעם דורכשניטליכען מענטשענטיפ. צווישען די קרימינעלע — מייסטענס גנבים, וואס זיצען נישט צום ערשטען מאל אין תפיסה. באלד קומען זיי אויף דער פריי. נאכן אפזיצען — א פריש גנבה'לע. מען ארעסטירט זיי אויטסנייע — אין געפענגעניש פילען זיי זיך ווי אין דערהיים.

די כלערליי סטאטיעס פון רעכט, און סאציאל וויסענשאפט, וואס זוכען דעם מקור פון פארברעכערטום אין דעם עלענד פון דער מאסע געפינען א רייכליכע באשטעטיגונג אין די דורכשניטטיפען פון די פארברעכער. וואלטען זיי געהאט וואס צו עסען. דאן וואלטען די מייסטע פון זיי זיכער נים אראב פון דרך-הישר.

אבער אויך פאר דער באריהמטער טעאריע פון דעם גרויסען יודישען געלערטען לאמבראזא וועגען דעם געבוירענעם פארברעכער, וועגען דעם טיפ פון מענטשען מיט פארברעכערישע אינסטינקטען, קאן מען געפינען א באשטעטיגונג ביים בעטראכטען די איינוואהנער פון דעם באריהמטען קרימינאל טיפון נאמען ש ח י ע נ ט י ק ז ש י ש.

———

עטליכע 20 קילאמעטער פון קיעלץ אויף א 900 מעטער-הויכען בארג, אין דער מיט פון כמעט א ווילדען וואלד, הענט-העט ווייט פון ארט, וואו מענטשען וואוינען, געפינט זיך אנ'אלטע שטארק געביידע, וועלכע איז אמאל מיט א סך יאהרען צוריק נאך אין די צייטען פון אלטען פוילען, געוועזען א קלויסטער. דאן האבען די רוסען די געביידע פארוואנדעלט אין אנ'ארעסט פאר פארמשפטע אויף א קורצער צייט תפיסה, היינט זיצען דארט די פארברעכער, וואס זענען פאראורטיילט געווארען אויף שווערער לאנגער תפיסה. מיר

פון אלע עקען פון פוילען הערען אהין געטריעהרט פאר'משפט'ע צו לאנגע שטראפען, און דארטען ווערט זייער אורטייל „פארקירצט" ווייל לאנג האלט מען דארט נישט אויס...

פון דער באהן סטאציע אין קעלץ זענען מיר געפאהרען העכער א שעה מיט'ן אויטא; אויפן וועג האבען אונז ערוואוט פראסטע פויערישע פוהרען, ווייל אויף דעם ווייטערען וועג קאן קיין אויטאמאביל. אדער א בעספערער וואגען נישט פאהרען. א שטיק וועג זענען מיר אפגעפאהרען מיט פוהרען. דערנאך זענען מיר בעסער אראפ פון די פוהרען און געגאנגען צו פוס, ווייל די וואגענס האבען זיך צושטארק געטרייסעלט.

אחין פיהרט מען די ארעסטאנטען צו טיס. אויבען גאנצען וועג בעוואכט זיי א שטארקע פאליציי אבטיילונג און דארטען בעקומען זיי א דירה, נישט דוקא די ערגסטע, ריינער, גערוימיגער און לופטיגער, ווי אין אנדערע ארעסטען אין פוילען.

אבער...

די גערוימיגע קאמערן זענען „פיטשנאס", וואסער גיסט זיך פון די ווענט. קיין חידוש נישט. די געביידע שטייט אויף א זומפיגען באדען, ביי א טייכל. די ריינע לופט איז מורא'דיג קאלט. מיר זענען דארט געוועזען זומער. מיר האבען געמוזט אנטוהן מאנטלען און אויסשטעלען די קראגענס, אזוי האט געבלאזען פון אלע זייטען. די שארפע לופט רופט ארויס א גוטען אפעטיט. די טעגליכע פארציע עסען איז אבער גלייך, ווי אין אלע אנדערע תפיסות. פון הונגער און פייכקייט זענען כמעט אלע ארעסטאנטען קראנק. אנ'אינטערעסאנטע תפיסה-קראנקהייט, אדער א ספעציעלע „שוויענטאקזשיסקע קרענק"— קראנקע אויגען, פון וועלכע עס פליסט אן אויפהער אייטער, דארטען איז עס זעלבסטפערשטענדליך. מיט אזא קראנקהייט זיצט מען, אין דער קאמער גלייך מיט די געזונדע. אין שפיטאל אריין — מ'שטיינס געזאגט א שפיטאל — שיקט מען קראנקע אויף טויבאטע.

עס איז כדאי, או דאקטוירים פון גאר דער וועלט זאלען אהער טאהרען שטודירען אין שפיטאל טופאטעס. א גרויל נעמט מיך דורך, ווען איך דערמאן מיר אן די וואקס-געלע פארדארטע פנים'ער, ברוין און בלויע ליפען, אויסגעגלאצטע אויגען און הענגענדיגע קעפ. אין די שפיי-קעסטלער — פול מיט בלוט. מעהר ענליכער צו א לעבעדיגער טויטען-קאמער, איידער צו א שטוב מיט מענטשען.

———

דער געפערליכסטער פערברעכער בעקומט גאר א אנדער פנים. ווען ער

# ווען איך בין סקלאדקאווסקי!

## מאנאלאג. פון י. אבערזשאנעק

דער אינער'ן-מיניסטער האט לעצטענס געמאכט א אינספעקציע-רייזע איבער פוילען. פאריגע וואך האט ער צווישען אנדערע שטעדט אויך בעזוכט ראדאם.

(פון דער כראניק).

א געניאלער איינפאל, א זעלטענע המצאה פון א מיניסטער, כ'זאג אייך א גאונ'ישער פלאן, דו ווייסט נישט, פון וואנען און פון וואו, ויבוא! דער מיניסטער איז דא.

דער אוישעגדניק זיצט זיך פערטיטט ביי זיין — גלעזעל טיי מיט ציטרין, דער קאמיסאריאט איז פול מיט פערברעכערישע בייגעל-פערקויפער, וועלכע „האנדלען" אהן פאטענט. אין מיטען דעריגען — דער מיניסטער!...

ס'איז באמת א זעלטענער איינפאל, נישט אזוי ווי ט האט זיך פראקטיצירט ביז איצט. איידער דער מיניסטער איז געקומען אויף א בעזוך האט מען דריי חדשים פריהער „געראמט", געפוצט, גערוימט און געשייערט, נע'בודק'ט אין אלע ווינקעלעך, מ'האט זיך געהיטען פאר א „חשש חמץ".

אין דעם טאג פון מיניסטערס בעזוך האט מען די טירען דעקארירט מיט א „סערדעטשנע וויטאמי" אלץ האט געשימערט און געבלאנקט, אלץ און אלע אין בגדי—מלכות מ'האט געמאכט באנקעטלעך, געטרינקען „לחיים" און דער שפיץ איז געווען — ווסא ו' פאריאדקיע" ס'איז אלץ הייסט עס אגיל ואשמחדיג, ס'שטימט „אויף דער האהר"...

הייגט, פע! ווער טיר „רוימען", וואס מיר פוצען און שייערען, וואו מיר דעקאראציעס, אז דו ווייסט נישט ווען און וואס, אין מיטען שטהנעם העלען טאג א „ניעספאדזשאנקע", דער מיניסטער פערקליידעט פאר א געוועהנליכען בשר ודם, כאפט א בליק דארט, וואו מ'דארף, א שמעק. א טאפ. א קוק. מ'דערקענט איהם, א טומעל, א מהומה— סקלאדקאווסקי איז דא!...

עד כאן מיט די מלוכה אינסטיטוציעס און מיט אונזערע הייטישע, געזעלשאפטליכע און טילאנטראפישע אינסטיטוציעס איז דען אנדערש?

א גאנץ יאהר ארבייט דער „זארזשאנד". שפעטען און „שפלען" און ווער ס'האט נאר א „יר" אין דער שיסעל. מ'ארבייט נא פראווא, „נא ליעוואָ". מ'ארבייט ביודעים ובלא יודעים, מען שרייבט און מ'קראצט, ס'לויפט א ים טיט ציפערן „פשיכאד און „ראזכאד" „סום פשעכאדניך", „ניעפשעווידזשאנע הידאטקי".

א גאנץ יאהר ווערט געשריבען און געמעקט, געמעקט און איבערגעשריבען און אז ס קומט נאכ'ן יאהר שרייבען און מעקען, מעקען און שרייבען, ווערט אויפגעשטעלט א בילאנס, געשפיצט לויט „לעבעדיגע" דאקומענטן, „ססטימט" די קאסע אויף דער האחר, ס ווערט צונויפגעשטיקעוועט „א בעריכט" כדת וכדין, נע'כשר'ט לכל הדעות.

אויף דער אלגעמיינער פערזאמלונג זיצט עולם-גולם, דער סעקרעטאר לייענט אדורך דעם בעריכט און דעם אונטערגעשריבענעם, בעשטעטיגטען פראטאקאל פון דער רעוויזיאנס — קאמיסיע — „וויסיא וו' פאריאדקיע", און עולם—גולם הויבען די הענד אין דער הויך, ס'דריקט אויס צוטרוי-וואטום דער אלטער פערוואלטונג פאר איהר „אינטענסיווער" ארבייט...

ווען איך בין אבער סקלאדקאווסקי, וואלט איך נישט געווארט אויף כבוד מיך איינצולאדען אויף דער אלגעמיינער פערזאמלונג אונטערצושרייבען פראטאקאלען פון נעכטיגע טעג, איך וואלט זיך א חאפ אריין געטוהן אין א פראסטען מיטוואך, וואלט אנ'געפען געטוהן דאס „ספר הזכרונות", וואלט א כאפ געטון דעם בחור מיט דער מעקנומע אין דער האנד און וואלט א געשריי געטון: הבר סטאפ!.. וואס איז דאס „ט'ערע רייבאכן"? צי איז ביי אייך היינט פסח.?

יא, רבותי, ווען איך בין סקלאדקאווסקי, וואלט איך געוואוסט, וואו אהין זיך אריינציכאפען אויף אנ'אינספעקציע...



זיצט אונטערן שלאס. איז דאס א נאטירליכע ערשיינונג אדער פעהלער פון מענטשליכער פסיכאלאגיע, א געוויסע סענטימענטאלע ווייכקייט אז ווען מיר זעהען א מענטשען, וועלכער ליידט, געדענקען מיר נישט אן זיינע חטאים;

מיר זענען דורכגעגאנגען מעהרערע קאמערען. איבעראל דאס זעלבע: „קאלט!" „הונגעריג"! נאר אומפארגעסליך בלייבט דער איינדרוק פון דעם צווייטען שטאק. דארטען באזונדערס באוואכטע, פאר'משפט'טע צום טויט פאר רויבען, מארדען. וואס האבען געהאט די זכיה באגנאדיגט צו ווערען.

נישט ווילענדיג האט יעדערער פון אונז געמוזט האבען דאס זעלבע געפיהל, וואס איז שווער אויסצודריקען, ווען דער שווערער שליסעל האט זיך א דריי געטאן, און שלאס פון דעם אייזערנעם טויער, דורך וועלכען עס זענען דורכגעפיהרט געווארען די איינוואהנער פון דאזיגען „טראקט", כדי קיינמאל מעהר פון דארטען נישט ארויסצוקומען אויף דער ליכטיגער וועלט.

פאר'משפט אויף לעבענס לענגליכער תפיסה הינטער שווערע אייזערנע קראטעס, ווי ווילדע חיות אין א שטייג, זיצען זיי דארטען זומער און ווינטער און דאס עסן ווערט זיי אריינגעגעבן דורך די קראטעס, ווייל קיין שום וועכטער וואגט נישט צו זיי אריינצוקומען.

אונז האבען זיי דערווארט מיט חוצפהניגג. עפעס אויסבעטען, עפעס אויספועל'ן. אזוי ווי מיר זענען אריינגעקומען זענען זיי געפאלען אויף די קני, דער געפילדער און געוויין האט געקענט דערשיטערען אפילו די פעסטע תפיסה־מויערען:

— „האט רחמנות, מענטשען! מיר גייען אוים פאר הונגער".

———

באנגעדיגונג איז אפטמאלס א שווערע שטראף פאר די צום טויט פאר'משפט'ע..

און כאטש דאס זענען מייסטען פארברעכער מיט בלוט באפלעקטע הענד, האט קיינער נישט געקאנט אוועקטרייבען פון זיך דאס געפיל פון רחמנות.

אויף אונזער פארלאנג האט דאס מיניסטעריום זיי געהעכערט די פארציעס עסען און קוילען פאר בעהייצונג. אפשר איז זי היינט שוין אביסעל בעסער; די מעהרהייט פון דער קאמיסיע האט געשטעלט דעם פארשלאג אפצושאפען אינגאנצען די תפיסה אין שווייצעטיקשיזם. אויפן סיים פלענום איז דער פארשלאג ליידער דורכגעפאלען. די פוילישע רעכטע פארטייען האבען געהאט א מיינונג, אז פוילען דארף האבען אויך אזא תפיסה.

די מיינונג איז פונקט אזוי שענדלעך ווי שרעקליך ס איז די תפיסה..

■■■■■■

# גרויסער פראצעס אין היגען קרייז-געריכט.

## ס'ווערען גע'משפט 44 ארבייטער פון די אסטראווצער אייזען-פאקריקען פאר ארויסרופען די בלוטיגע געשעהענישען דעם 8 אויגוסט פאריגעס יאהר

פון היינטיגען דינסטאג אן ווערט אין היגען קרייז געריכט בעטראכט דער פראצעס איבער 44 ארבייטער פון די אסטראווצער אייזען־פאבריקען „וויעלקיך פיעצוו", וועלכע ווערען בעשולדיגט אין ארויסרופען די בלוטיגע געשעהענישען דעם 8 טשערוויעץ פ. י.

דער מאטעריאל פון בעשולדיגונגס־אקט פערנעמט 10 דריק בויגען און אילוסטרירט די אורזאכען אויף פאלגענדען אופן: דעם 8 טשערוויעץ 1926 האבען די דערמאנטע איבער טויזענט שטרייקער, פאדערענדיג א דרייסיג פראצענטיגע הוספה אויף זייער ארבייט'ס לוין. זייער פאדערונג איז טיילווייז נעכגעגעבען געווארען, אבער די ארבייטער האבען זיך דערמיט נישט בעפריעדיגט און האבען א חוץ זייער הוספה־פאדערונג אויך פערלאנגט צו בעזייטיגען איין דירעקטאר פון א געוויסער פאבריק'ס־אבטיילונג. זיי האבען זיך דאן פערזאמעלט אים פאבריק, וואוהין זיי האבען געשיקט א דעלעגאציע, וועלכע ס'איז צוגעזאגט געווארען צו געבען אים'ן צווייטען טאג ענטפער. נאכ'ן דאזיגען טערמין איז אין פאבריק אויסגעהאנגען געווארען א מעלדונג, אז דער דירעקטאר־אינזשיניער ווערט נישט בעזייטיגט, אז די אבטיילונג ווערט געשלאסען און די א ר ב י י ט ע ר ווערען אבגעזאגט. איבערלייענדיג די מעלדונג האט דער ארבייטער המון זיך געווארפען אויף דער פאבריקס פערוואלטונג. ס'איז ארויסגערופען געווארען פאליציי, וועלכע האט צוטריבען דעם המון און ארעסטירט די ארבייטער־פארשטעהער. די ארבייטער אין א צאהל פון 1500 מאן, האבען זיך אויפ'ן דריטען טאג פערזאמעלט אויפ'ן מארק, נעגאנגען אין א דעמאנסטראציע־צוג צום פאליציי־קאמיסאריאט, וואו זיי האבען געפאדערט תיכף צו בעפרייען די ארעסטירטע. דערביי איז געקומען צו בלוטיגע געשעהענישען. די ארבייטער האבען דעם קאמיסאריאט בעווארפען מיט שטיינער, די פאליציי האט געפאדערט אבצוטרעטען, אבער דער המון האט זיך אקעגענגעשטעלט און ס'איז




# וואס הערט זיך אין ראדאם.

## דעלעגאציע פון היגען ראבינאט, רביים און שטאדט בעלי בתים ביים גזרער רבי'ן.

דעם פערגאנגענעם זונטאג איז קיין גער צום רבי'ן געפאהרען א דעלעגאציע פון עטליכע היגע מוראות, רביים און אנגעזעהענע שטאדט בעלי בתים, אין א צאהל פון 15 פערזאהן. די דעלעגאציע איז געפאהרען אין א ספעציעלען אויטא און אנגעקומען קיין גער, 7 אווענד, אין דער צייט ווען דער רבי לערענט שיעור. היות ווי די דעלעגאציע האט אויסגעדרוקט דעם וואונש באלד אויפגענומען צו ווערען האט די אויפנאהמע נישט לאנג געדוירט. דאס געשפרעך מיט'ן רבי'ן איז געפיהרט געווארען וועגען דער דין תורה, פון ה' קעסטענבערג מיט דער גמינע, וועלכע ה' קעסטענבערג איז כסדר מרתח דורך פערשידענע אויפרייערען און תירוצים, וועלכע זענען די מניעות, וואס פעראורזאכען דאס אבצוגערען און אבשלעפען די ד"ת, און אז דאס איז די סבה וואס די ד"ת קאן נישט צושטאנד קומען. דער פערלאנג פון דער דעלעגאציע איז געווען, אז דער רבי, וועלכער האט אויסגעהאלטען דאס קומען פון יאראסלאווער רב קיין ראדאם, אויפפאדערענדיג צו געהן פאר אלעם צו א דין תורה. — זאל זיך פעראינטערעסירען און מיט זיין איינפלוס ווירקען, אז ה' קעסטענבערג זאל ענדליך געהן לדין און אונטערווארפען זיך דער ההלטה פון ווארשאווער ראבינאט. געגוי, וואס דער גערער רבי, האט געענטפערט דער דעלעגאציע איז אונבעוואוסט. די דעלעגאטען האלטען די תשובה פון רבין שטרענג אין געהיים. דאס וואס מיר זענען יא געוואויר געווארען איז דאס, אז דער רבי, האט צוגעזאגט צו בעפעהלען ה' קעסטענבערג ער זאל זעהן צו ברענגען דעם ענין לידי גמר און ענדליך מאכען א סוף צו זיין ארויסגעפאדערטע ד"ת. דער רבי זאל אויך האבען מבטיח געווען אז דער „יוד" וועט מעהר נישט דריקען ארטיקלען נעגען דער קהלה.

מען גיעט אונז איבער, אז אויף דער אנמערקונג פון דער דעלעגאציע, דאס ה' קעסטענבערג שטרעבט בכיון אויסצומיידען די ד"ת — זאל דער רבי האבען געענטפערט אז מ'זאל איהם ברענגען א סירוב.

אויך גיעט מען אונז איבער, אז די דעלעגאטען האבען א ביסעל פאריבעל וואס דער רבי האט מיט זיי וועניג קאנפערירט און זיין אוידיענץ מיט זיי האט פערנומען א קורצע צייט. די היגע גערער חסידים ערקלערען אבער פערקעהרט, אז דער רבי האט פון זיין זייט מכבד געווען דער דעלעגאציע, און נישט קוקענדיג, וואס זיי האבען פונקט געטראפען בשעת שיעור־לערנען, האט סוגרעסטוועגען דער רבי מותר געווען א טהייל פון דער צייט און אויפגענומען די דעלעגאטען, נעמענדיג אין אכט דעם כבוד פון די היגע אדמורים און די חשיבות פון אנגעזעהענע היגע בעלי בתים.

געקומען צו א שיסעריי, בעת וועלכער איין פאליציאנט איז גע'הרג'עט געוואָרען און 5 שוצער פערוואונדעט.

אין בעשולדיגונג'ס—אַקט ווערט אויך איבערגעגעבען, אַז די אַרבייטער האָבען זיך געוואָרפען אויף דער פאָליציי זיי צו ענטוואָפענען און אז זיי האָבען זיך נעיוענדעט צום פּולקאָווניק פון אָסטראָוובער פ. ק או, סקולסקי, ער זאָל זיי אַרויסגעבען געוועהר צו צו־שלאָגען די פּאָליציי, די שונאים פון פּוילען. בעקומענדיג אַ אָבזאָג, האָבען זיי ערקלערט, אַז זיי וועלען זיך ווענ־דען מיט אַ אָנקלאַגע אויף איהם צום מארשאל פּילסודסקי.

פון די אַרבייטער איז איינער גע'הרג'עט געוואָרען און איינינע פערוואונדעט, פון וועלכע אַ טייל זענען דערנאָך געשטאָרבען.

אויפ'ן פּראָצעס איז אַרויסגערופען געוואָרען אַ גרויסע צאָהל עדות, צווישען זיי אויך די פערוואונדעטע פּאָליציאנטען, וועלכע זענען נעקומען אין געריכט אויף קוליס. צווישען די אָנגעקלאָגטע זיצט אויך אַ 12-יעהריג פּויליש יונגעל, וועלכער ווערט בעשולדיגט, אַז ער האָט דעם גוטס'דיגען פּאָליציאַנט אַריינגעקלאַפּט משוגעס אין קאָפּ.

די געריכטס-פערהאַנדלונגען ווערען געפיהרט אונטער דער פאָרזיץ פון ווייצע—פּרעזעס, ה' בּאָרשאסקי. אלס בעשולדיגער טרעטען ארויס די פּראָקוראָרען ה"ה: זשיטאוויעצקי און לינדעמען.

דער פּראָצעס וועט דויערען בערך 10 טעג.

## פון האַנדוו.—קלוב.

זונטאג דעם 6־טען לויט ד. י. 7 אווענר, וועט פאָרקומען די יעהרליכע אַלגעמיינע פערזאמלונג פון קלוב—מיטגלידער, אויף וועלכע עס וועלען אבגעגעבען בעריכטען:

די פערוואַלטונג פון האַנדווערקער־קלוב, די קולטור—קאָמיסיע, ראעדאַק־נער—פּראַקציע פון היגען שטאָדט-ראט, פון ראַט, פערוואלטונג ביי דער קהלה און קראנקען-קאסע.

דערביי ווערט איבמערקזאם געמאַכט די מיטגלידער, וועלכע זענען שולדיג מיטגלידס אָבצאָהל פאר 4 חדשים, וועלען נישט קאָנען אַנטייל נעמען אויף די פערזאמלונג. אַלע מיטגלידער ווערען געבעטען מיטצונעמען די מיטגלידס—קאַרטען.

## קאָמוניקאַט פון סטאראסטוואָ.

די סטאראסטווא אין ראדאָם קאָמוניקירט:

דאס קריגס־מיניסטעריום האט פעסט־געשטעלט, אז טראָץ דעם אמט'ס-קאָמוניקאט פון קריגס־מיניסטעריום וועגען פיסטעם פון ביילעגען ביטעס וועגען מיליטערישע־ענינים דורך פּריוואַט פערזאָנען, פליסען נאָך דאָך איין זעהר פיל ביטעס וועגען פערשידענע מיליטער־ענינים דירעקט צום קריג'ס—מיניסטעריום, אויסמיידענדיג דעם אמט'ס־וועג.

אין צוזאמענהאַנג דערמיט ווערט בעקאנט געמאכט, אז אין אייגענעם אינטערעס פון די פעטענטען, דאַרפען די ביטעס און מיליטער—ענינים אָנגעגעבען ווערען אין דער 1—טער אינסטאנץ פון דער אדמיניסטראטיווער מאַכט, ד. ה. אין סטאַראסטוואָ.

## פ ו ן „ט אָ ז".

### אמבולאַטאָריום.

אין קורצען וועט געעפענט אין לאָקאל פון „טאָז" (דלוגאַ 24) אַ אַמבולאַטאָריום פאר דער נישט פער־מעגליכער בעפעלקערונג. די קראנקע וועלען אויפגענומען ווערען דורך דאָקטוירים—ספּעציאַליסטען.

* * *

### אַ היגיענישער פאָלקס־אוניווערזיטעט.

ביי דער היגער „טאָז—אָבטיילונג ווערט געגרינדעט א היגיענישער פאָלקס—אוניווערזיטעט, וואס שטעלט זיך אלס ציעל צו בעקענען די יודישע בעפעלקערונג מיט די יסודות פון היגיענע. יעדע וואָך וועלען פאָרקומען פּאָפּולערע לעקציעס (מיט ליכטביל־דער).

די פאָרלעזונגען וועלען אריינעמען אַלע געביטען פון פאָלקס־געזונט און היגיענע און וועלען געהאַלטען ווערען דורך דאָקטוירים-לעקטאָרען.

* * *

זונטאג, דעם 30—טען ד ח. איזענד פאהרט אַב קיין ווארשא א גרופע פון 20 קינדער, וועלכע וועלען געהיילט ווערען, דורך בעשטראהלונגען, אין הויפט רענטגען־אנשטאלט פון „טאָז".

## פּראָטעסט פון ראַדאָמער אָרטאָדאָקסישען יודענטום.

פאָריגען שבת—צו־נאכטס זענען געקומען אין גמינס-לאָקאל הונדערטער מתפללים ווי אויך גבאים פון די היגע בתי-מדרשים, שטיבלעך און בתי—תפלות און בייגעלעגט א שריפטליכען פּראָטעסט, נעגען דאָס אריינמישען זיך פון סאָקאָלאָוער רבּ אַן אָנגרעגע, ווי אויך געגען זייער א נעטרווענץ און פענטליכען אַרויסטריט אין „יוד" לטובת ה' קעסטענבערג, נישט זייענדיג געגצליך בעקאנט אין דער ראַדאָמער רבנות—פראַגע.

## גאולת הארץ—קייט,

אָרגאַניזירט דורך דער יודישער פרעסע אונטער'ן פּראָטעקטאראט פון דעפּוטאַט יצחק גרינבוים.

אינזשיניער לעאָן בעקערמאן ענטפ. דעם ה' ישראל דיאמענט מיט 20 זל. און רופט ארויס דעם ה' אבירהם נאָלר־בערג (לובל. 9). מרדכי לייב פישמאן ענטפערט דעם ה' פרענקעל יחיאל מיט 18 זל. און רופט א־ויס: יוסף שטיינמאן, יוסף בירענבוים (לובל. 30), משה יעקב פרידמאן, נפתלי מאדלער (ווארשא אָגראָדאָווע 26 אינהאבער פון פילם ביורא „טארפילם", דירעקטאָר דוד ראָזענבערג (קעלץ), אלתר ערליך (קעלץ). יהודה קייפמאן ענטפ. דעם ה' יחיאל פרענקעל מיט 15 זל. און רופט ארויס: יצחק ווייצהענדלער, דב גורפינקעל, ירחמיאל ביאַלסקי, מתתי' זילבערבערג (פיאַסקי 29) אלי' ברייראַס, מאָרקוס פרידמאן. אלימלך זעליגער ענטפ. דעם ה הלל קאָרמאן כיט 10 זל. און רופט ארויס: שלמה יהודה נאָטליב, שמואל חמיעל, משה וויינמאַן, ישראל שטאָטווינער, משה סאָווא ענטפערט דעם ה' גראָנעק מאיר מיט 10 זל. חיים פייפער ענטפ. דעם ה' משה באקמאן מיט 5 זל. און רופט ארויס: ישראל בערקמאן, משה בערקמאן, צבי דאנצינגער, ישראל קאָרמאן (בראָדסקא 4). הענריק בלומאן ענטפ. דעם ה' מאיר קראיעווסקי מיט 5 זל. און רופט ארויס: דירעקטאָר מאָריץ פרענקעל, יוסף דיאמענט, לעאָן נאָטליעב (דלוגא 10), מיעטשיסלאָוו וויינבערג. אברהם טענענבוים ענטפ. דעם ה' יחיאל פרענקעל מיט 10 זל. און רופט ארויס: כאלאמאן רובין, חיים צוקער (סאַמאָסכאַ) צבי גוטמאַן, שמואל נוטמאן, שלמה בעלזבערג, משה הירשבערג, אברהם מענדליק, אלי' האַנדעלסמאן (ווילנא). פּראָפעסאָר שיצער אלחנן ענטפ. דעם פּראָפ. האָלצקענער מיט 5 זל. און רופט ארויס: פנחס ליכטענשטיין, לייבל מייזעלס פּראָפעסאָר זאפיא גליקסמאן ענטפ. פּראָפ. שושנה מושקאַטבליט מיט 5 זל. און רופט ארויס: צעציליא וויינערט, מארטא הערמאַן, ד"ר קסאַווערא מולער, ד"ר אַלעקסאַנדער שווארץ (זגיערזש), פירא שאַפּמאַן (וואַרשא דלוגא 8). דענטיסט מאַטאָר ענטפ. דעם ה' האָלצקענער מיט 5 זל. און רופט אַרויס: דענט. אַנשער, דענט. ברייזאָס, דענט. פרל' בליכער, דענט. וואָכאַלדע (אָסטראָוויץ). אַרוו. ראַקאָטש ענטפ דעם ה' האָלצקענער מיט 5 זלאָטעס. יוסף פריידענרייך ענטפערט דעם ה' יחיאל בערענשטיין מיט 5 זל. און רופט אַרויס: פרץ בושאַצקי. לייבל זיידענוועבער, אלי' שפייזמאן ענטפ. דעם ה' יעקב קליינמאן מיט 5 זל און רופט ארויס: חיים גלאט (נאָוואָגר, 23), חיים קורץ (יוארש. 21), יוסף אקערמאן מרדכי קירשענבוים, אַבוש צעדער, הערשיל צוקער (רינעק 8), פישעל קירשענבוים (מאריאַצקע 6), חיים פאַלעק בערענשטיין ענטפערט נ. ד. מאַנישעווסקי מיט 5 זל. און רופט אַרויס: ישראל גאָלדשטיין (וואָעל 23), חיים אשר נארפינקעל. אייזיק וויינריב ענטפ. דעם ה' יעקב קליינמאַן מיט 5 זל. און רופט אַרויס: אליעזר פרידמאן (רוויינסקא 7), שמואל באָמינארט. אליעזר מארגאָליס, איטשע עפשטיין (יואָל 23), אייזיאר שטערנפעלד ענטפערט דעם ה' סאַלבע מיט 5 זל, און רופט אַרויס: לעאָן פרידמאַן, מאיר האַנצבערג, יוסף לאנגער, פעלים רוטנבערג, עליאָש פוקס, יוסף פעפער (ביאלאַ ביי האָריי) נטאמעפר ז באנקער ענטפערט דעם אינזש. יוסף שפילער מיט 5 זל. און רופט ארויס: מאָריץ לאַנדאו (לוב. 27) יצחק ראָזענפעלד, מארעק דען, חיים טענענבוים (אולען עט קאָמפּ) יוסף האַנדעלסמאן (בוקארעשט) זעלינ פריש (ניו-יאָרק). דוד געטנער (סאראנטא), ניימאז מאיר ענטפערט דעם ה' כאלבע מיט 5 זל. און רופט אַרויס: יהודה בלאָטמאן (וואַרשא פראַנציש. 12) אריה בלאַנמאן, לעאָן גראָפּפעלד, אלימלך זילבערבערג, דירעקטאר העימאן קאַנקיס ענטפערט דעם ה' דיר. פרענקעל דוד מיט 5 זל. און רופט אַרויס: יאַקוב וויינאהוזער, טוביה רוסמאַן, יאַקוב אַדלער, איתמר אַרלער, וולאָדיסלאוו אַדלער, זיינוויל שפייזמאן ענטפערט דעם ה' יחיאל בערנשטיין מיט 5 זל. און רופט אַרויס: ישראל גאָלדפיין, אברהם ברעסלער, משה פישער, מאָטיל יויינטרויב, שמואל וואָרשאווער. אינזש. לפיור ענטפערט מיט 5 זל. דעם ה רפאל האָלצקענער.

(פאָרטזעצונג קומט).

# קעלצער אבטיילונג.

## די אלגעמיינע פערזאמלונג פון „לינת-הצדק“.

דעם פאריגען זונטאג, דעם 16 טען איז אין לאקאל פון דער יודישער קהלה פארגעקומען די יעהרליכע אלגעמיינע פערזאמלונג פון „לינת—הצדק“.

דער פרעזעס פון דער געזעלשאפט, ד״ר פעלץ, האט געעפענט די פערזאמלונג און האט פארגעלעגט אלס פארזיצענדער דעם ה׳ מ ראויצקי, וועלכער ווערט אויסגעוועהלט איינשטימיג און לאדענט איין אלס אססעסארען די ה״ה ד. ראזענבערג און ש. סטראוועשינסקי.

אנ׳אויספיהרליכען און אינטערעסאנטען בעריכט גיעט אב ד״ר פעלץ.

פון בעריכט איז צו זעהען, אז אין פערגאנגענעם יאהר האט דער „לינת-הצדק“ געפיהרט א ברייטע מעדיצינישע טעטיגקייט. מעדיצינישע הילף האט דער לינת-הצדק געגעבען אין 12063 פאלען פון זיי 2733 אינגאנצען בחנם

זעהר אינטערעסאנט איז געווען דער טייל פון בעריכט, וואס ווייזט אויף אויפן גרונד פון סטאטיסטישע ציפערען. די שטערבליכקייט פון יודען אין קעלץ, ווי אויך די צאהל געבורטען. אין יאהר 1925 איז געבוירען געווארען אין קעלץ 250 קינדער פון זיי 126 מיידלעך, געשטארבען זענען 170 פערזאן דערונטער 31 קינדער.

דער בעריכט, וועלכער איז צוגעגרייט געווארען מיט פאכמענישקייט האט אויף אלע פערזאמעלטע געמאכט א גוטען איינדרוק, נאך וועלכען עס האט זיך אנטוויקעלט א לענגערע דיסקוסיע, אין וועלכער עס האבען אנטייל גענומען די ה״ה ראזענבערג, האכבערג, קלינגבייל, סטרוועטניק, סטראוועשינסקי, גאלדבערג, מאשענבערג בימיואל און אנ.

נאך דעם ווי ד״ר פעלץ האט געענטפערט אויף אלע געשטעלטע פראגען איז אויסגעדריקט געווארען צוטרוי דער פערוואלטונג. ס׳איז אנגענומען געווארען דער בודזשעט אויפן נעכסטען יאהר.

צוליב דעם, וואס די פערוואלטונג האט זיך אנגעגעבען אין דימיסיע איז דאס וועהלען פון א נייער פערוואלטונג אבגעלעגט געווארען אויף א חודש.

עס איז אויך געוועהלט געווארען א קאמיסיע, וועלכע דארף ערלעדיגען דעם סכסוך, וואס איז מיט א לענגערע צייט צוריק אויפגעבראכען צווישען די היגע דאקטוירים, און וועלכער ברענגט גרויס שאדען דעם „לינת-הצדק“ און דער קעלצער יודישער בעפעלקערונג.

אין דער קאמיסיע זענען געוועהלט דער ראבינאט און די ה״ה ראוויצקי, ה׳ זאנאיסקי, י. פרידמאן, ה. לעווי, ז. הערמאן, ד. ראזענבערג און א. סטרוועטניק.

## די אלגעמיינע פערזאמלונג פון „החלוץ“.

שבת, דעם 22 טען ה. ח 6,30 אוו. איז אין לאקאל פון דער יודישער קהלה פארגעקומען די יעהרליכע אלגעמיינע פערזאמלונג פון „החלוץ“.

געעפענט די פערזאמלונג האט פרל׳ אסתר מאכעל, וועלכע האט צווישען אנדערען אנגעוויזען אויף די עקזיסטענץ בערעכטיגונג פון „החלוץ“ אין קעלץ. אין דער צייט. ווען אנדערע אינסטיטוציעס ווייזען נישט ארויס קיין שום סימנים פון לעבען – אנטוויקעלט דער „החלוץ“ א ברייטע טעטיגקייט אויף יעדען געביעט, און אבגעבענדיג א גענויען בעריכט פון „החלוץ“-טעטיגקייט, האט זיך פרל׳ מאכעל געווענדעט מיט א הייסען אפעל צו אלע פערזאמעלטע, צו פערשרייבען זיך אלס שטענדיגע מיטגלידער פון „החלוץ“, וועלכע איז דער אוואנגארד פון יודישען פאלק ביים אויפבויען זיין אייגען לאנד. נישט אבשרעקענדיג זיך פאר קיין שום מכשולים, אפאטיעס א. ז. וו.

אלס פארזיצענדער איז אויסגעוועלט געווארען ה׳ ה. מ. מאשקאוויץ, וועלכער פערבעט אלס אססארען די ה״ה: ב. מאשענבערג, פעמ. קימעל און דרעיוניאנע און אלס סעקרעטארען די ה״ה: חיים זיעלאני און אברהם ליבטענשטיין.

פעמ. ה׳ קימעל האט געהאלטען א אויספיהרליכען רעפעראט וועגען די אויפגאבען פון „החלוץ“ און זיין בעדייטונג פאר׳ן יודישען פאלק ביים אויפבויען ארץ-ישראל,

עס האבען נאך גערעדט די ה״ה: ש. בורשטין, דרעווניאנע און ח. זיעלאני, וועלכער האט אנגעוויזען, אז דער „החלוץ“ בעמיהט זיך נישט איינצופלאנצען אין זיינע מיטגלידער די אלגעמיינע ליבע צום ציוניזם. פיעל „החלוץ“-מיטגלידער בעטראכטען דעם אלגעמיינעם ציוניסט אלס שונא פון חלוציזם, און פערגעסען, אדער מאכען זיך דאביי פערגעסען, אז א סך אלגעמיינע ציוניסטען ווי צ ב. ש. אוגזער אלטעסטען בזליבסטער און געאכטעטער רעפוטאט גרינבוים און אנ. האבען פיעל, זעהר פיעל אג-טירט פאר׳ן פאלעסטינא—ארבייטער-מאנד (ספ.) ה׳ זיעלאני האט דעריבער פארגעשלאגען, אז די נייע פערוואלטונג זאל זיך בעמיהען אריינצופלאנצען אין איהרע מיטגלידער ליבע און אכטונג צום ציוניזם און צו די ציוניסטישע קרנות.

ס׳איז אויסגעוועהלט געווארען א פערוואלטונג פון פאלגענדע ה״ה: ד. ראזענבערג, קאהן, קימעל, טענענוואורצעל און פרל׳ מאכעל.

אין דער רעוויזיאנס—קאמיסיע זענען אריין די ה״ה: א. קירשענבוים, ש בורשטין און פריבולסקי.

נאך דעם, ווי די פערזאמעלטע בעעהרען מיט אויפשטעהן דעם גייסטיגען פיהרער „אחד העם“ צוליב זיין טויט, איז איינשטימיג אנגענומען געווארען דער פארשלאג פון ה׳ בורשטין, אויסצודריקען דעם שארפסטען פראטעסט געגען די רדיפות אין רוסלאנד וואו פ׳ווערן פערפאלגט און ארעסטירט די רוסישע ציוניסטען.

נאך די שלוס—רעדעס פון די ה״ה: קימעל און ח זיעלאני, האט דער פארזיצענדער 8,30 אוונט געשלאסען די פערזאמלונג.

## וועגען יודישען מענער-גימנאזיום.

צוליב דעם, וואס דעם יודישען מענער—גימנאזיום דראהט איצט, צוליב געוויסע סבות, ל קווידירט צו ווערען, איז געשאפען געווארען א קאמיטעט, וועלכער האט זיך געשטעלט די אויפגאבע דאס גימנאזיום פאר יעדען פרייז ווייטער צו דערהאלטען.

דער קאמיטעט ווענדעט זיך דעריבער מיט א הייסען אפעל צו דער יודישער געזעלשאפט און אויך צום לערערשאפט פון גימנאזיום, מיטצוהעלפען דעם קאמיטעט אין זיין ארבייט, בכדי דאס איינציגע געזעלשאפטליכע קולטורעלע איינענטום זאל חלילה נישט פערמאכט ווערען,

וועגען דעם צושטאנד פון גימנאזיום וועלען מיר זיך נאך אומקעהרען אין קומענדיגען נומער פון אונזער צייטונג.

## א גרויסער באל.

דעם 29-טען ה ח. קומט פאר א גרויסער באל, איינגעארדענט דורך דער ציוניסטישע ארגאניזאציע און „הזמיר“.

דער באל וועט צו זיין זעהר אימפאזאנט. די פארברייטונגען זענען אין גאנג.

## נישט געבעטענע „געסט“ אין קעלץ.

זייט איניגע וואכען גאסטראלירען אין קעלץ גנבים, וועלכע נאך איניגע פרובען האט זיך זיי איינגעגעבען צו בע׳גנב׳ענען דעם ה׳ נתן קעניגסבערג פלאנטען № 5 פערשידענע חפצים און מלבושים אין ווערט ביז 2000 זלאטעס.

די לעצטע נעכט האבען זיי בעזוכט עטליכע הייזער אין דער אלטע ווארשעווער גאס. זיי זענען אבער אוועק מיט.. אנפיהלען זיך די מאגען מיט פערשידענע שבת׳דיגע מאכלים. ווער אין פון וואן די חשוב׳ע געסט זענען איז פארלייפיג נאך נישט בעוואוסט.

## ג נ י ב ו ת.

פון דער פוהר פון יצחק בילטשעווסקי (פינטשעוו) האט מען ארויסגע-גנב׳עט א קעסטעל טאבאק א קעסטעל טאבאק אין דער ווערט פון 450 זל. דער אייגענטימער האט דאס אבער באלד בעמערקט און אלארמירט די פאליציי, וועלכער האט די גנבים גע-טראפען בעהאלטען אין שטארט-גארטען און די גניבה אנגענומען.

■■■■■■

## א סוחרים צוזאמענפאהר מיט'ן אנטייל פון דעלעגאטען פון דער ווארשאווער צענטראלע.

זונטאג דעם 16—טען איז אין לאקאל פון סוחרים פעראיין פארגעקומען א קאנפערענץ פון די פארשטעהער פון אלע סוחרים פעראיינען אין קעלצער ווָיעוואודסטווָ. אויף די קאנפערענץ זענען ספעציעל געקומען די ה"ה ריכטער פרידער און ארווי. מארגוליעס, וועלכע האבען רעפערירט וועגען די אויפגאבען פון די יודישע פארשטעהער אין די שאצונגס קאמיסיעס.

אין אווענד איז פארגעקומען א סוחרים מיטינג, אויף וועלכע עס האבען רעפערירט די ה"ה: ריכטער פרידער, ארווי. מארגוליעס, ה' לערני גרינבלאט, שמולעוויטש, און אנ. צום סוף איז אנגענומען געווארען פאלגענדע רעזאלוציע:

דער סוחרים-צוזאמענפאהר, וועלכער איז פארגעקומען דעם 16—טען אין קעלץ אבגעבענדיג זיך א דין וחשבון צו דער ערנסטקייט פון דער יעצטיגער ווירטשאפטליכער לאגע, וואס בעדראהט מאטעריעל דעם יודישען סוחרטום, פאדערט אויף די יודישע סוחרים אב־צושרייפלען זיך פון פעסימיזם, וואס האט זיי בעהערשט און מיט מערדאָ־פעלטער ענערגיע קעמפען צוזאמען מיט דער צענטראלע פון סוחרים פער־איין פאר דער ערפילונג פון זייערע פאסטולאטען.

דער סוחרים-צוזאמענפאר בעשליסט איין אינצופיבען א אקציע צו פקאָ־סירען דעם אומזאץ שטייער, אמערשטענס צו פערקלענערען די סטאווקע פון דעם שטייער און דעטייל־פערקויף, נאכ'ן אננעהמען די רעזאלוציע איז דער מיטינג געשלאסען געווארען.

צום מארגענס האבען איך די ווארשאווער פארשטעהער צוזאמען מיטן פרעזעס, ה' לעווי, אינטערוועניר'ם אין דער היגער פינאנץ-קאמער אין עטליכע וויכטיגע ענינים און זיי גינסטיג ערלעדיגט.

## דער פעלטשער צוזאמענפאהר אין קעלץ.

דעם 18—טען ה. ח. איז אין לאקאל פון נ. פ. ר. (מארק 19) פארגעקומען א פעלטשער צוזאמענפאהר פון קעלצער קרייז.

געעפענט דעם צוזאמענפאהר, האט דער פארז. פון קרייז־פעלטשער פער־איין ה' בינענשטאק אלס פארז. פון דער פערזאמלונג איז אויסגעוועהלט געווארען ה' שטשעמנאלסקי.

דער פארשלאג פון פארז., אז דער צוזאמענפאהר בעשליסט, צו ברענגען א פעראייניגונג און שלום צווישען דעם יודישען פעלטשער-פער־איין און קריסטליכען איז איינשטימיג אנגענומען געווארען.

נאך דעם ווי ס'איז אבגעגעבען גע־ווארען דער בעריכט'ס כעטיגקייט, האט זיך אנטוויקעלט א דיסקוסיע. אין וועל־כע ס'האבען אנטייל גענומען די ה"ה פישער, רוטקאווסקי, בינענשטאק, כיווינאווסקי וואליסקיך און אנד.

נאך דער דיסקוסיע איז מיט א מערהייט שטימען אויפגעדריקט געווא־רען א אבסולאטאריום דער אלטער פערוואלטונג.

ס'איז אויסגעוועהלט געווארען א פערוואלטונג פון פאלגענדע פעלטשער ה"ה: בינענשטאק, מיטעלמאן, פישער, רוטקאווסקי און וואיטשיק און אלס פערטרעטער ה"ה: טאניעוויערסקי און ראזשעק.

אין רעוויזיאנס-קאמיסיע זענען אריין די ה"ה: כאונאחסקי, רובינשטיין און גארמאלאוויץ.

ס איז אנגענומען געווארען פאלגענ־דע 2 רעזאלוציעס: 1) דער צוזאמענפאהר פאדערט אויף די קראנקען-קאסעס, זיי זאלען בעשעפטיגען די פעלטשערס, אנשטאט די פסעאודא־ פעלטשערס וועלכע זענען דערצו נישט בערעכטיגט און 2) צו פיהרען א ווייטערדיגען קאמף מיט די פסעאודא—פעלטשערס.

אין צוזאמענפאהר האבען זיך בעטייליגט 22 פעלטשער יודען און קריס־טען, בתוכם ה' מ. הארטמאן (קאזשי־מיערזש-וויעלקי) און טענענבוים פון (יענדזשיעוו).

די נייע פערוואלטונג האט זיך קאנסטאטוא־רט אויף פאלגענדען אופן: פאר'. בינענשטאק, וויצע פארז. וואויטשיק, סעקרעטאר — פישער, קאסירער—מיטעלמאן און רוטקאווס־קי.

## פון דער געזעלשאפט „הזמיר".

די פערוואלטונג פון דער געזעל־שאפט „הזמיר" איז מודיע, אז דער סעקרעטאריאט פון „הזמיר" איז טעטיג אין לאקאל פון פרוי וואלמאנאווא—זשימנאיואדא (היפאטעטשנא 10) יעדען טאג פון 7 ביז 8 אווענד.

## סענאטאר ד"ר ברוידע אין קעלץ.

זונטאג דעם 30 ה. ח קומט צו פאהרען קיין קעלץ אין גימנאזיע ענינים און וועט ווילען ביז מאנטאג ביי נאכט.

סענאטאר ד"ר ברוידע וועט אין לאקאל פון דער קהלה אבהאלטען א קאנפערענץ מיט די געזעלשאפטליכע כלל-טוהער און וועט אויפטרעטען אויף א עפענטליכען מיטינג, וואס וועט איינגעארדענט ווערען אין איי־נעם פון די גרעסטע היגע זאהלען.

## פון דער קראנקען—קאסע.

זונטאג איז אין זאהל פון שטאדט־ראט פארגעקומען א זיצונג פון ראט פון דער קראנקען—קאסע, אויף וועל־כע ס'איז אויסגעוועהלט געווארען א רעוויזיאנס-קאמיסיע און א שידעס-געריכט.

פון די יודישע ראטמענער אין דער קראנקען--קאסע זענען געוועהלט גע־ווארען פאלגענדע 2 יודען: אין דער רעוויזיאנס-קאמיסיע ה' צעמבערקאוויץ און אין דעם שידעס-געריכט – ה' זיסקינד הערמאן.

דער פארשלאג פון ה' ראוויצקי, אז די קראנקען קאסע זאל ארויסגע־בען א קאנקורס אויף א דירעקטאר פון דער קראנקען־קאסע איז מיט א מערהייט שטימען אבגעווארפען גע־ווארען.

## אכטונג הענדלע'ס און ביורא אנגעשטעלטע ביים פראפ. פעראיין אין קעלץ.

זונטאג, דעם 30 סטיציען ה. י. 5 אווענד קומט פאר אין אייגענעם לאקאל מארק № 6 א אלגעמיינע פערזאמלונג פון אלע מיטגלידער מיט פאלגענדען טאג-ארדנונג.

1) בעריכט פון דעם דעלעגאט אין דער קראנקען-קאסע, 2) די יעצטיגע עקאנאמישע לאגע פון די אנגעשטעלטע, 3) לאקאל־פראגע, 4) ערגענצונגס-וואהלען צו דער פערוואלטונג און 5) פערשידענעס.

אין אייגענעם אינטערעס קומט מאַ־סענווייז און פינקטליך!

די פערוואלטונג.

## א נייע קאָאָפּעראַטיווע ... 

## א נייע קאריקאציאנס-פאלקס-שולע אין קעלץ.

דעם 1-טען לוטי ה. י. ווערט גע־עפענט אין קעלץ א נייע קאריקאצ־יאנס פאלקס שולע, ביי דער מעדכען־גימנאזיום פון פרוי וואלמאנאווא—זשימנאיווארא.

די למורים וועלען געפירט ווערן דורך דיפלאמירטע פעראגאגישע קרעפטען פון דעם זעלבען גימנאזיום.

דאס איז די ערשטע יודישע פאלקס־שולע, וואו די למודים וועלען געלע־רענט ווערען דורך לערער קרעפטען פון מיטעל—שולען.

## דער מאסקען-באל אין טעאטער פאלאס.

דער באל-קארנאוואל איינגעאָרדענט דורך דער ציונ. ארג. מיט דער געזעל. „הזמיר" דעם 29 ה. ח. קומט פאר אין קינא פאלאס. אויפ'ן באל ווערען צוגעגרייט פיל אינטערעסאנטע אטראק־ציעס און 2 ארקעסטערס. ס'איז צו האפען אז די יודישע בעפעלקערונג וועט דעם באל מאסענווייז בעזור־כען.

## דער נייער אויפזיכטס—ראט פון יודישען מעדכען גימנאזיום.

דורך דער נייער אויפזיכטס־ראט פון גימנאזיום, וועלכער איז פאריגען דא־נערשטאג אויסגעוועהלט געווארען אויף דער אלגעמיינער פערזאמלונג פון די עלטערען און פיפראטיקער, האט זיך שוין די וואך קאנסטיטואירט אויף פאל־גענדען אופן: פארז. זיסקינד הערמאן, 2 וויצע פארז ה"ה: א. ערליך און ח. וויינריב, סעקרעטאר – מ. ראטענ־בערג, ווירטשאפטס־פיהרער י. ברא־נינסקי, פערטרעטער י. גוטמאן, קאסי־רער — ב. גרינבערג און פערוואל־טונגס מיטגלידער ה"ה: א. י. מאסקא־וויק. נ. קייזער, ג. יורא און משה קויפמאן.

דער נייער אויפזיכטס—ראט האט שוין אנגעהויבען זיין טעטיגקייט און ס'איז צו האפען, אז ס'וועט איהם בעשטימט געלונגען צו סאנירען די שלעכטע לאגע פונ'ם גימנאזיום.

די יודישע געזעלשאפט פון איהר זייט וועט ווידער ארויסווייזען איהר מיטהילף לגבי דעם גימנאזיום.

## ליקווידירט די 2 רעוויר'ען פון פרידענס געריכט אין קעלץ.

אויפ'ן סמך פון פעראָרדנונג פון מיניסטעריום, וואס איז געווען פער־עפענטליכט אין דז אוסטאוו № 5 פון 20—טען ה. ח ווערט פון 1—טען מערץ ה. ח. סקאסירט אין קעלץ די בעזונדערע רעווירען פון פריעדענס־געריכט 1—טער און 2—טער רעוויר און ס'ווערט נאר זיין איין פרידענס געריכט פאר דער שטאדט קעלץ און אומגעגנד.



אונזער טיפסטען מיטגעפיהל און בערויערנדיקן מיר אים דער פאמיליע סאווע צום פלוצלינגען טויט פון זייער ליבען זוהן און ברודער

# גבריאל סאווע

וואס איז פון זיי אוועקגעריסן געוואָרן אין זיין בליענדע יוגענד.

משה מארגאלעס און פאמיליע.

---

Z powodu śmierci
B. P.

# J. GLATA

składamy braciom: MOSZKOWI i MOŃKOWI wyrazy szczerego współczucia.

Piotr, Jakób, Eugieniusz, Artur, Chatek, Abek, Adolf, Jehoszua.

---

Wyrazy szczerego współczucia pozostałej rodzinie z powodu przedwczesnej śmierci Ich nieodżałowanego OJCA i MĘŻA

## b. p. JAKÓBA GLATA

składa S. HANDELSMAN.

---

Reginie, Andzi i Mońkowi oraz pozostałej rodzinie z powodu śmierci Ich OJCA i MĘŻA

## b. p. J. GLATA

wyrażają szczere współczucie i głęboki żal.

Artur i Stanisław HAJT.

---

Kino ODEON w Radomiu

Od dnia 24 stycznia r. b.

# KURJER CARSKI



w rolach głównych
**MOZŻUCHIN, KOWANKO, GAJDAROW.**

---

### אויסבעסערונג.

אין צוזאמענהאנג מיטן נאטיץ „שטאט ניט אב קיין ספס, זיינען א חוץ האט קינדער אין שיזבה פון פאריגע וואך, בעט מען אויסצובעסערן; דער פרט, וואס איז נוגע, דאס יודישע שפיטאל, כחמת, ווי מען פארזיכערט, האט מען אהין נישט וועגגעגעבן די פערסעטע קינדער, ס'קאן אויך קיין רייד נישט זיין וועגען דער שפעטער צייט, ווייל ביי יעדען פאל פון הלף איז אין שפיטאל שטענדיג פארהאן א פעלטשער מיט אלע נויטיגע היילמכשירים. רעד.

---

WAŻNE DLA PAŃ

**Salon fryzjerski Męsko-Damski**
**p. f. „HIGIENA"**
**Radom ul. Piłsudskiego 11.**

Poleca wykwintne strzyżenie Pań mycie głowy. Wodna ondulacja i zwykła. Elektryczne masaże głowy. Wypożyczanie peruk balowych damskich i męskich, przyjmuje zamówienia na charakteryzacje teatralne

Z poważaniem
*Szymon Rozenberg.*

**UWAGA: Dla zaoszczędzenia czasu upraszam Sz. Panie o zamówienie godzin.**

---

„א הארציגען יישר כח"

Zacnemu i dobremu adwokatowi

*p. S. Mulierowi*

za Jego szlachetny uczynek składa serdeczne Bóg zapłać

**A. Grünman**

---

בברכת מזל-טוב הנני מברך מעומק לבי את ידידי הנכבד מר **ישראל איבינדער** ומשפחתו לברית הנשואיו של בתו הצדונה מרת **קיילה** תח'י עם ב"ג היקר מר **ישראל קאמפער** נ"י תאי דרכם בעושר ואושר והוריהם יתענגו מהם עד בלי ירח.

**פלטי גאָלדפארב.**

---

PROSZEK OD BÓLU GŁOWY DLA DOROSŁYCH

# „KOWALSKINA"

USUWA NAJSILNIEJSZE BÓLE GŁOWY

(A.K.)

FABRYKA CHEMICZNO-FARMACEUTYCZNA „AP. KOWALSKI" WARSZAWA

---

CZOPKI HEMOROIDALNE

Suppositoria haemorrhoidalia

BÓLE · SWĘDZENIE · KRWAWIENIE

FABRYKA CHEMICZNO-FARMACEUTYCZNA „AP. KOWALSKI" WARSZAWA

---

## Zarząd Pow. Kasy Chorych w Radomiu.

**Podaje do wiadomości pp. Lekarzy m. Radomia, że w tutejszej Kasie Chorych są do objęcia godziny ordynacyjne w zakresie chorób wewnętrznych, nerwowych i chirurgji.**

Zgłoszenia przyjmuje **Zarząd Kasy Chorych do dnia 3 go lutego b. r. włącznie** (gabinet Dyrekcji.

Dyrektor (–) Pleszczyński.
Przewodnicz Zarz. (–) Grzecznarowski.

---

רווישטאף-קאָאָפעראטיוו פאר האנדווערקער
— אין ראדאם —

שבת, דעם 29 ד. ח. פינקטליך 6 אין אוונט קומט פאר אין 'אייגענעם לאקאל לובלינער 23

**די פייערליכע ערעפענונג פון שניידער-קאָאָפעראטיוו.** איינטריט נור דורך איינלאדונגען. קינדער פערבאטען!

---

UŻYWAJ GRANULKI RUSSYANA!

ŻNANY NIEZAWODNY ŚRODEK OD KASZLU DUSZNOŚCI i CHRYPKI

„AP. KOWALSKI" WARSZAWA

---

**Kino CORSO Teatr**

Od czwartku 27 go do 30

# SKANDAL
## Przed Ślubem

Potężny dramat w 10 aktach.
w rolach głównych
*Harry Lietke i Agnes Estenhazy.*

---

# מעלדונג!

די פערוואלטונג פון „חברה קדישה" „חסד של אמת" מזכה צו קאנען אז, ס'וועט פארקומען **א אלגעמיינע פערזאמלונג** ד' תרומה ל' שבט דעם 2 לוטי 1927 ערשטער טערמין 4 נ. מ. צווייטער טערמין ביי יעדער צאהל אנוועזנדע 6 נ. מ. אין אייגענעם לאקאל זאמלונג 3.

טאג ארדנונג:

1) בעריכט פון דער טעטיגקייט פון יאהר 1926
2) קאסע—בעריכט. 3) אויסוואהלען א נייע פערוואלטונג, 4) פרייע פארשלאגען.

---

TOMAL